# רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג

פון

## פעטער קראַפּאָטקין

איבערזעצט פון

פעדאָר פעטראָלענקא[redacted]

דער פרייער אַרבייטער פערלאַג

נויארק, מאַי, 1918.

306

פרייז 3 סענט

# רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג

## פון פּ. קראַפּאָטקין

---

### קאַפּיטעל 1.

אַז די רעגיערונגען, וואָס עקזיסטירען יעצט, דאַרפען אָב־געשאַפט ווערען, אום פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט זאָלען מעהר ניט זיין קיין פוסטע ווערטער, נאָר ווערען לעבע־דיגע ווירקליכקייטען, און אַז אַלע פערשיעדענע פאָרמען פון רע־גיערונגען, וואָס האָבען ביז יעצט עקזיסטירט און זיינען בלויז געווען פערשיעדענע פאָרמען פון אונטערדריקונג, דאַרפען דאַ־רום אומגעביטען ווערען אויף אַ גאַנץ נייער פאָרם פון מענש־ליכען צוזאַמענלעבען, — אויף אַזוי וויט ווערען אַלע, וואָס האָבען עטוואָס שכל און רעוואָלוציאָנערען גייסט, איינשטימען. אייגענטליך דאַרף מען ניט זיין קיין גוואַלדיגער רעוואָלוציאָנער, אום צו קומען צו אַזאַ שלוס. די פערברעכענס פון אַלע יעצ־טיגע רעגיערונגען און די אונמעגליכקייט זיי צו רעפאָרמירען זיינען צו גוט בעקאַנטע פאַקטען, וועלכע מוזען בעמערקט ווע־רען פון יעדען פערשטענדיגען מענש. און וואָס אַנבעלאַנגט די אומוואַרפונג פון רעגיערונגען — איז עס גוט בעקאַנט, דאָס אין מאַנכע צייטען קאָן עס געטהאָן ווערען אָהן איבעריגע שווע־ריגקייטען. עס זיינען פאַראַן צייטען, ווען רעגיערונגען פאַלען פאַנאַנדער כמעט פון זיך זעלבסט, אַזוי ווי קאָרטען־שטיבלעך, ווען דאָס פאָלק פאַנגט אָן אַ רעוואָלוציאָן. אַזעלכעס האָט

מען קלאָהר געזעהען אין 1848 און אין 1870 און מען וועט עס באַלד ווידער זעהען.

די אומוואַרפונג פון א רעגיערונג איז פאַר א רעוואָלוציאָנערען מיטעל־קלאַס מענש אַלעס, פאַר אונז איז עס אָבער דער אַנפאַנג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. קוים איז נאָר די שטאַאַטס מאַשינעריע צובראָכען, די איינגעפונדעוועטע הער־שענדע אינסטיטוציאָנען אונאָרגאַניזירט, ניט וויסענדיג וואָס אנצופאַנגען טהאָן, די סאָלדאַטען האָבען פערלאָרען דעם צו־טרויען צו זייערע בעאַמטע, מיט איין וואָרט, ווען די גאַנצע אַרמעע פון פערטיידיגער פון קאַפּיטאַל איז צובראָכען, דאַן בלייבט פאַר אונז גלייך אויסצוואָרצלען אַלע אינסטיטוציאָנען, וואָס האָבען געדיענט אויפצוהאַלטען פּאָליטישע און עקאָנאָמישע שקלאַפעריי. האָבענדיג די מעגליכקייט צו האַנדלען פריי, בלייבט פאַר די רעוואָלוציאָנערען א פראַגע: וואָס זאָל מען טהאָן ווייטער?

צו דיזער פראַגע גיבען בלויז די אַנאַרכיסטען דעם ריכטיגען ענטפער: „קיין רעגיערונג — אַנאַרכיע“. אַלע אַנדערע זאָגען: „א רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג“. זיי אונטערשיידען זיך בלויז צווישען זיך, וואָס פאַר אַ פאָרם פון רעגיערונג מען זאָל מאַכען. מאַנכע בעשליסען צוזאַמענצושטעלען אַ רעגיערונג, וואָס זאָל אויסגעקליבען ווערען דורך אַלגעמיינע, גלייכע וואהל־רעכטע; אַנדערע בעשליסען צו עטאַבלירען אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

---

רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג! דיזע צוויי ווערטער קלינ־
גען זעהר שלעכט אין די אויערען פון יענע, וואָס פערשטעהען
ריכטיג, וואָס עס איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע און וואָס הייסט
רעגיערונג. די ווערטער ווידערשפּרעכען איינע די צווייטע, פער־
ניכטען איינע די אַנדערע. מיר האָבען געזעהען פיעלע דעספּאָ־
טישע רעגיערונגען — עס איז די אויפגאַבע פון י ע ד ע ר
רעגיערונג צו איינשטעלען זיך שטענדיג פאַר דער רעאַקציע
און צו האָבען אַ נייגונג צו דעספּאָטיזם — אָבער אַזאַ זאַך ווי
רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג, האָט מען נאָך קיינמאָל ניט גע־
זעהען און די אורזאַכע איז, וואָס ר ע וו אָ ל ו צ י אָ ן זייענדיג
אַ סינאָנים פון אונאָרדנונג, פון אומוואַרפען און פערניכטען
איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציאָנען אין עטליכע טעג, וואָס מיינט
די פערניכטונג דורך געוואַלד די עקזיסטירענדע פאָרמען פון
אייגענטום, די פערניכטונג פון געפענגניסע, די נייע אומבויי־
טונג פון בעגריפען איבער מאָראַל, (אָדער בעסער געזאָגט, היי־
פּאָקריטסטוואָ, וואָס פערנעהמט יעצט דעם פּלאַץ פון מאָראַל),
די עטאַבלירונג פון פּערזענליכע פרייהייט און די פרייהייט פון
טהאַט, איז פּונקט דער געגענזאַץ צו, און לייקענט אין גאַנצען
אָב רעגיערונג, וואָס איז דער סינאָנים פון עטאַבלירטע אָרדנונג,
פון קאָנסערוואַטיזם, פון אויפהאַלטען די עקזיסטירענדע אינ־
סטיטוציאָנען און די אָבלייקנונג פון פּערזענליכער פרייהייט
און אינדיווידועלע איניציאַטיווע. און דאָך הערען מיר גאַנץ
אָפט דערמאָנען דיזען ווייס־שוואַרצען פויגעל, עפּעס פונקט ווי
אַ רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג וואָלט געווען די איינפאַכסטע זאַך
אין דער וועלט.

ווען די זאָגענאַנטע רעוואָלוציאָנערען פון דער מיטעלקלאַס פּרעדיגען עס, איז גאָר קיין וואונדער ניט. מיר ווייסען גאַנץ גוט, וואָס ביי ז י י הייסט אַ רעוואָלוציאָן. ביי זיי הייסט עס די עטאַבלירונג פון אַ רעפּובליק; אַז די זאָגענאַנטע רעפּובּ־ליקאַנער זאָלען פערכאַפּען די גאַנץ גוטע לעדיג געוואָרענע שטע־לען. אַמהעכסטען מיינט עס ביי זיי, אַז די קירכע זאָל זיך אָבזונדערען פון'ם שטאַט. אָדער אַז דאָס אייגענטום פון דער קירכע זאָל איבערגעהען צום שטאַט. אַמאָל קאָנען זיי מיינען די איינפיהרונג פון רעפערענדום אָדער אַנדערע אַזעלכע אונוויכטיגע פּאָליטישע רעפאָרמען, אָבער אַז רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען זאָלען ווערען די אַפּאָסטאָלען פון אַזאַ אידעע, דאָס קאָנען מיר ניט פערשטעהן. סיידען מיר זאָלען זיך פאָר־שטעלען איינס פון די ביידע: ענטוועדער זיי זיינען נאָך אָנ־געשטעקט מיט די פערשיעדענע אַבערגלויבענס, וועלכע זיי האָ־בען גע'ירשנט פון דער ליטעראַטור אָדער פון דער געשיכטע, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אום צו צופּאַסען זיך צו מי־טעל־קאַלס אידעען, און זיי זיינען נאָך בעזעצט פון דעם שקלאַ־פען־גייסט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַזאַ לאַנגער שקלאַפעריי, אַזוי אַז זיי קאָנען זיך ניט פאָרשטעלען צו ווערען ווען עס איז פריי, אָדער אַז ניט, ווילען זיי איבערהויפּט ניט האָבען יענע רעוואָלוציאָן, וועגען וועלכער זיי רעדען שטענדיג; זיי וואָלטען געוועזן צופרידען ווי גיט איז צו פערלאַטען די יעצטיגע אינס־טיטוציעס, פערזיכערען בלויז די מאַכט אין זייערע אייגענע הענד און איבערלאָזען פאַר דער צוקונפט צו בעשטימען ווי אַזוי צופריעדענצושטעלען די „בעסטיע“, וואָס רופט זיך „דאָס פאָלק“.

זיי זוכען בלויז אראָפּצואווארפען די יעצטיגע רעגיערונג אום אַליין צו פאַרנעהמען איהר פּלאַץ. אָבער מיט אַזעלכע מענשען ווילען מיר ניט אַרגומענטירען. מיר ווילען בלויז רעדען צו די יעניגע, וואָס זיינען ערנסט און עהרליך אין זייערע פאָדערונגען.

לאָמיר אָנפאַנגען מיט דער ערשטער פון די צוויי פאָרמען פון רעגיערונגען, וועלכע ווערען געפּרעדיגט — די געזעצליך ערוועהלטע רעגיערונג.

---

לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז אַ קעניגליכע, אָדער וועלכע עס איז אַנדער רעגיערונג, איז אומגעוואָרפען געוואָרען. די מאַכט פון דער אַרמעע פון קאַפּיטאַלס פערטיידיגער איז צובראָכען געוואָרען: איבעראַל איז אַן אויפלעבונג, עס ווערען דיסקוטירט געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען, איבעראַל איז דאָ אַ פערלאַנג צו מאַרשירען פאָרווערטס: נייע אידעען ווערען געבאָרען, עס פיהלט זיך אַ נויטווענדיגקייט אין מאַכען פערשיעדענע בעדייטענדע ענדערונגען — עס פאָדערט זיך האַנדלונג, מען דאַרף אָהן רחמנות אָנפאַנגען די ארבייט פון פערניכטונג, אום צו מאַכען ריין און גרייט דעם פּלאַץ פאַר אַ נייעם לעבען. אָבער וואָס שלאָגען זיי אונז פאָר צו טהאָן? צו אויפפאָדערען דאָס פאָלק צו וואַהלען, צו ערוועהלען גלייך אַ רעגיערונג און פערטרויען צו איהר די אַרבייט, וואָס יעדער פון אונז און אַלע פון אונז דאַרפען אונטערנעהמען אויף אונזער אייגענער איניציאַטיווע.

דאָס האָט פּאַריז געטהאָן נאָך דעם 18טען מערץ אין 1871.

„איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען", דערצעהלט אַ פריינד, „יענע גליקליכע מינוטען פון בעפרייאונג. איך בין אַוועק פון מיין שטודיר צימער און האָב זיך אָנגעשלאָסען אָן די גרויסע מאַסען פון מענשען, וואָס האָבען אָנגעפילט אַלע בולוואַרען פון פּאַריז פון איין עק שטאָדט ביז דער צווייטער. יעדער איינער האָט גערעדט וועגען געזעלשאַפטליכע אַנגעלעגענהייטען. אַלע פּערזענליכע אַנגעלעגענהייטען, אַלע פּערזענליכע בעשעפטיגונגען זיינען פערגעסען געוואָרן. קיינער האָט ניט געטראַכט פון קויפען און פערקויפען. אַלע האָבען זיך געפיהלט פיקס און פאַרטיג מיט לייב און לעבען צו מאַרשירען פּאָרוועֶרטס. אפילו מענשען פון מיטעלקלאַס זיינען אַוועקגעטראָגען געוואָרען פונ'ם ענטהוזיאַזם און האָבען מיט פרייד געזעהן פאַר זיך דעם אָנפאַנג פון אַ נייע לעבען. „אויב עס איז נויטיג", האָבען זיי געזאָגט, „צו מאַכען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, טאָ מאַכט עס. רעכענט זיך מיט קיין זאַך ניט; מיר זיינען פערטיג". אַלע עלעמענטען פון דער רעוואָלוציאָן זיינען דאָרט געווען, מען האָט זיי בלויז געדאַרפט מאַכען זיך בעוועגען. ווען איך בין ביינאַכט געקומען אַהיים, האָב איך זיך געטראַכט: ווי שעהן די מענשהייט איז נאָך אַלעמען, נאָר קיינער האָט עס ניט געוואוסט; עס איז געווען דערשטיקט.

דאָ זיינען געקומען די וואַהלען. די בעאַמטע פון דער קאָמונע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען, און דאָן האָט זיך ביסלעכווייז די בעגייסטערונג און דער וואונש פאַר האַנדלונג פערלאָשען. יעדער איינער האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין טאָג־טעגליכער

בעשעפטיגונג, זאָגענדיג צו זיך: נון, איצטער האָבען מיר אַן עהרליכע רעגיערונג. זאָלען זיי האַנדלען פאַר אונז". וואָס דער סוף איז געווען — ווייס יעדער איינער.

אַנשטאָט צו האַנדלען פאַר זיך זעלבסט, אַנשטאָט צו מאַר־שירען פאָרווערטס, אַנשטאָט צו געהן אין דער ריכטונג פון אַ נייער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, האָבען זיי זיך פערלאָזען אויף זייער אויסגעקליבענער רעגיערונג און האָבען זייערע הענד איבערגעגעבען די איניציאַטיווע, — דאָס זיינען געווען די ער־שטע קאָנזעקווענצען פון דעם אונפערמיידליכען רעזולטאַט פון די וואַהלען.

לאָמיר זעהען, וואָס האָט געטהאָן דיזע רעגיערונג, וועמען עס איז איבערגעגעבען געוואָרען די מאַכט און דאָס צוטרויען פון אַלעמען.

קיינמאָל זיינען וואַהלען ניט געווען אַזוי פריי ווי יענע פון מערץ 1871. די אָפּאָנענטען פון דער קאָמונע גיבען עס אַליין צו. נאָך קיינמאָל זיינען די גרויסע מאַסען פון וועהלער ניט געווען מעהר בעאיינפלוסט פון דעם פערלאַנג אויסצוקלייבען אַלס פיהרער די בעסטע מענשען, מענשען פון דער צוקונפט, אמת'ע רעוואָלוציאָנערען. און דאָס האָבען זיי אויך געטהאָן. אַלע גוט־בעוואוסטע רעוואָלוציאָנערען זיינע ערוועהלט געוואָרען מיט גוואַלדיגע מאַיאָריטעטען: די דריי רעוואָלוציאָנערע ריכ־טונגען: די יאַקאָבינער, בלאַנקיסטען און אינטערנאַציאָנאַליס־טען זיינען געווען פערטראָטען אין דעם קאָמונע ראַטה. קיינע וואַהלען קאָנען ניט געבען אַ בעסערע רעגירונג.

אָבער וואס איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם? פער־מאַכט אין פערזאַמלונגס־פּלאַץ, געצוואונגען נאָכצופאָלגען די פאָרמען פון די פריהער עקזיסטירענדע רעגיערונגען, האָבען זיך דיזע הייסע רעוואָלוציאָנערען און רעפאָרמערס געפונען גע־שלאָגען פון אונפעהיגקייט און אונפּרוכטבאַרקייט. מיט זייער בעסטען ווילען און מוטה האָבען זיי אפילו ניט געוואוסט ווי צו אָרגאַניזירען די פערטיידיגונג פון פּאַריז. נאַטירליך, מען איז געוואוינט צו בעשולדיגען יעצט דיעסע יענע איינצעלנע, אָבער עס איז ניט געווען די שולד פון יענע מענשען, נאָר עס איז געווען די שולד פון דיזער אָנגענומענער סיסטעם.

אין דער ווירקליכקייט קאָן אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, אין בעסטען פאַל, בלויז שאַפען אַזאַ פערזאַמלונג, וועלכע זאָל רעפּרעזענ־טירען די מעהרהייט, וואָס זייגען צו יענער צייט געווען אָנגענומען פון דעם פאָלק. און דיזע מעהרצאָל האָט בלויז אַ שוואַכען בעגריף איז אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציאָן וועגען דער אַרבייט, וואָס דאַרף דורכגעפיהרט ווערען, און ווייסען ניט, ווי אַזוי זיי זאָלען עס אונטערנעהמען. אָה, ווען די גרויסע מאַ־סען פון דער נאַציאָן, פון דער קאָמונע, וואָלטען נאָר געקאָנט פערשטעהן, וואָס עס איז נויטיג געווען צו טהאָן אַזוי שנעל ווי די רעגיערונג איז אומגעוואָרפען געוואָרען. ווען דיזער טרוים פון די אוטאָפּיסטען וואָלט געקאָנט פערווירקליכט ווערען, וואָל־טען מיר קיינמאָל ניט געהאַט קיינע בלוטיגע רעוואָלוציאָנען. קוים איז דער ווילען פון פאָלק איינמאָל אויסגעדריקט געוואָרען וואָלטען אַלע מיט דעם גוטמוטהיג איינגעשטימט. אָבער ניט

אַזוי ווערען זאכען געטהאָן. די רעוואָלוציאָן ברעכט אויס פיעל פריהער איידער עס קומט צו אַן אַלגעמיינער פערשטענדיגונג. און די וואָס האָבען אַ קלאָהרען בעגריעף איבער דעם וואָס עס זאָל גלייך געטהאָן ווערען, זיינען אַ גאַנץ קליינע מינאָריטעט. די גרויסע מאַסען פון פאָלק האָבען דאַן אַן אַלגעמיינעם בעגריעף איבער דעם, וואָס זיי וואָלטען ווען האָבען פערווירקליכט צו ענדע, ניט וויסענדיג ווי אַזוי צו פערווירקליכען דיזען פערלאַנג, און ניט האָבענדיג צו פיעל צוטרויען נאָכצופאָלגען אימעצענס אָנצייגונג. די פּראַקטישע לעזונג וועט ניט געפונען ווערען, וועט ניט קלאָהר ווערען, ביז דער אומבייט און די נייע אָרדנונג וועט זיך שוין האָבען אָנגעפאַנגען; דאָס וועט זיין דער פּראָדוקט פון דער רעוואָלוציאָן זעלבסט, פון די אַקטיווע מענשען פון פאָלק, — אַז ניט וועט גאָרנישט זיין, ווייל די מחות פון עטליכע איינ־צעלנע זיינען אַבסאָלוט אונפעהיג צו געפינען יענע לעזונגען, וועלכע קאָנען בלויז אַרויסשפּרינגען פון לעבען פון פאָלק.

דאָס איז די לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ קערפּער־שאַפט, וואָס ווערט ערוועהלט פון אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, אפילו, ווען דיזע קערפּערשאַפט זאָל זיין פריי פון די אַלע פערברעכענס, צו וועלכע עס זיינען געוועהנליך גענייגט אַלע ערוועהלטע רע־גיערונגען. די עטליכע, מענשען וואָס רעפּרעזענטירען די רעוואָ־לוציאָנערע אידעע צו יענער עפּאָכע, געפינען זיך פערזונקען צווי־שען פערטרעטער פון די רעוואָלוציאָנערע שולען פון דער פער־גאַנגענהייט און אויך פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג. דיזע מענשען, וועלכע וואָלטען נויטיג געווען צווישען פאָלק, הויפּט־זעכליך אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן, צו פערזעהען ווייט

זייערע אידעען, צו מאַכען די מאַסען זיך בעוועגען, צו פערניכ־טען אַלע אינסטיטוציאָנען פון דער פערגאַנגענהייט, — געפינען זיך פערמאַכט אין אַ זאַל, דיסקוטירענדיג אומזיסט, ווי אַזוי צו מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט מאַנכע ראַדיקאַלען און ווי אַזוי אָבצושיידען זייערע געגנער, וועהרענד עס איז דאָ בלויז איין וועג ווי אַזוי צו בעקעהרען זיי צו די נייע אידעען — נעמ־ליך, פ ע ר וו י ר ק ל י כ ע ן די אידעען. די רעגיערונג ווערט אַ פּאַרלאַמענט מיט אַלע פעהלערען פון אַ מיטעל־קלאַס פּאַרלאַמענט. ווייל ווייט פון צו זיין אַ רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג, ווערט זי די גרעסטע הינדערניס פאַר דער רעוואָ־לוציאָן. און צולעצט געפינט דאָס פאָלק פאַר נויטיג אָבצו־ראַמען זי פון וועג, צו ענטלאַסען די יעניגע, וועלכע זיי האָ־בען ערשט נעכטען ערוועהלט. אָבער עס איז ניט אַזוי לייכט עס צו טהאָן. די נייע רעגיערונג, וועלכע האָט זיך געאיילט צו אָרגאַניזירען אַ נייע אַדמיניסטראַציע, אום צו פערשטאַר־קערען און פערברייטערען איהר הערשאַפט און מאַכען אַלע־מען צו פאָלגען איהר, פערשטעהט ניט צו אונטערגעבען זיך אַזוי לייכט. ניט ווילענדיג איבערגעבען איהר מאַכט, איז זי ענטשלאָ־סען עס אויפצוהאַלטען מיט אַלע מעגליכקייטען, ווי עס איז פער־שטענדליך פאַר אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו פערוועלקען, און זי בעשליסט צו בענוצען זיך מיט גוואַלד געגען גוואַלד. עס בלייבט דאַן בלויז איין וועג ווי צו אָבשאַפען זי און דאָס איז — מיט געוועהר, צו מאַכען אַ נייע רעוואָלוציע אום צו בעזייטיגען די יעניגע, צו וועמען דאָס פאָלק האָט ערשט פערגלויבט אַלע זיינע האָפנונגען.

דאָרט זעהסטו שוין די רעוואָלוציאָן צוטיילט געגען זיך זעלבסט! נאַכהער ווען עס איז פערלאָרען געגאַנגען אַ שטיק צייט אין אָבלייגונגען — פערלירט זי יעצט איהר קראַפט דורך די נייע פאַנאַנדערטיילונגען צווישען די פריינד פון דער נייער רעגיערונג און די, וועלכע זעהען די נויטווענדיגקייט זי אויפ־צולייזען. און דאָס אַלעס פּאַסירט דערפאַר, ווייל עס ווערט ניט פערשטאַנען, אַז אַ נייעס לעבען פאָדערט נייע פאָרמען: אַז מען קאָן ניט, שטיצענדיג זיך אויף אַלטע געזעלשאַפטליכע פאָרמען, דורכפיהרען אַן ערפאָלגרייכע רעוואָלוציאָן! אַלעס דערפאַר ווייל עס ווערט ניט פערשטאַנען די אונמעגליכקייט צו פעראייניגען רעוואָלוציאָן מיט רעגיערונג, פאַר ניט איינ־זעהען, אַז די ערשטע איז אונטער אַלע אומשטענדען די אָב־לייקנונג פון דער צווייטער. און אַז אָהן אַנאַרכי איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי רעוואָלוציאָן.

פונקט דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערען וועגען דער אַנדער פאָרמע פון רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג, וועלכע ווערט אָפט געלויבט אַלס אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

---

## קאַפּיטעל 2.

---

די געפאַהרען, צו וועלכע אַ רעוואָלוציאָן איז אונטער־וואָרפען, ווען עס ערלויבט זיך קאָנטראָלירט צו ווערען פון אַן ערוועהלטער רעגיערונג, איז אַזוי אויגענשיינליך, אַז אַ גאַנצע

שולע פון רעוואלוציאָנערען פערדאַמען אינגאַנצען דעם געדאַנק פון דעם. זיי פערשטעהען, אַז עס איז אונמעגליך פאַר אַ פאָלק, וואָס האַלט אין ערוואַכען, צו שאַפען זיך דורך וואַהלען אַ וועל־כע עס איז אַנדער רעגיערונג ווי בלויז די, וועלכע רעפּרעזענ־טירט די פערגאַנגענהייט, און וועלכע איז אַזוי ווי אייזערנע שיך אויף די פיס פון די מענשען אין דער צייט, ווען עס איז נויטיג דורכצופיהרען גרינדליכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און מאָראַלע איבערבויאונגען, וואָס מיר פערשטעהען אונטער דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. זיי פערדאַמען דארום די אידעע פון אַ „געזעצליכע רעגיערונג“ אַמווייניגסטען פאַר יענער פּע־ריאָדע, ווען עס געהט אַן אַ קאַמף געגען געזעצליכקייט, און זיי פּרעדיגען דאָרום אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור. „יענע פּאַרטיי“ זאָגען זיי, „וועלכע וועט אַראָבוואַרפען די אַלטע רעגיערונג, וועט נאַטירליך פערנעהמען דעם פּלאַץ. זי וועט פערכאַפּען די מאַכט און וועט אַנגעהן אויף אַ רעוואָלוציאָנע־רען שטייגער. זי וועט אַננעהמען די נויטיגע מיטלען, וועלכע וועלען פערזיכערען דעם ערפאָלג פונ׳ם ווידערגעבורט פון פאָלק; זי וועט פערניכטען די אַלטע אינסטיטוציאָנען און וועט אָרגאַ־ניזירען די פערטהיידיגונג פון דאָס לאַנד. וואָס אַנבעלאַנגט די, וואָס וועלען ניט וועלען אַנערקענען איהר אויטאָריטעט, נון, וועט מען שוין מיט יענע פאַרטיג ווערען מיט דער גילאָטינע, מעגען זיי בעלאַנגען צום פאָלק אָדער צו דעם מיטעל־קלאַס, קוים ענטזאַגען זיי זיך אויסצופאָלגען די בעפעהלע, וואָס זיינען נוי־טיג אום איצוגעהן מיט דער רעוואָלוציאָן“. די גילאָטינע איז נאָך אין מאַכט! זעהט ווי עס אַרגומענטירען די ערשט אויס־

געשפּראָצטע ראָבעספּיערס, וועלכע ווייסען גאָרנישט פון די העלדישקייט פון'ם יאָהרהונדערט, נאָר פון דער אָבנייגונגס־פּעריאָד; מענשען וועלכע האָבען גאָרנישט געלערנט וועגען דעם, אויסער פון די רעדעס פון די אָנהייגנער פון דער רע־פּובליק.

---

פאַר אונז אַנאַרכיסטען איז די דיקטאַטור פון אַן איינצעלנעם אָדער אַ פּאַרטיי (אין גרונד גענומען דיזעלבע זאַך) אין גאַנצען פערדאַמט געוואָרען. מיר ווייסען, אַז רעוואָלוציאָן און רעגיע־רונג קאָן מען ניט פעראייניגען; איינע מוז פערניכטען די צווייטע. עס מאַכט ניט אויס, וועלכען נאָמען איהר גיט דער רע־גיערונג: דיקטאַטור, קעניגטום אָדער פּאַרלאַמענט. מיר ווייסען דאָס דעם אמת און די שטאַרקייט פון אונזער פּאַרטיי בע־שטעהט אין דער פּאָרמולאַ: „קיין גוטע אָדער דויערענדע זאַך קאָן ניט געטהאָן ווערען סיידען דורך דער פרייער איני־ציאַטיווע פון־פאָלק, און י ע ד ע רעגיערונג זוכט עס צו פערניכטען!“ און אַזוי וואָלטען די בעסטע פון אונז, אויב זייערע אידעען זיינען ניט דורכגעגאַנגען דעם קרייץ־צוג פון פּאָ־פּולאַריטעט איידער זיי גערען זיי דורכפיהרען, אויב זיי זאָ־לען ווערען די באַלאַבאַטים פון דער זיך פּאָרמירענדער מאַשין — די רעגיערונג — און זיי זאָלען קאָנען האַנדלען ווי זיי ווי־לען, וואָלטען זיי אין איין וואָך צייט געוועזען גוט גענוג פאַר דער תליה. מיר ווייסען וואוהין עס פיהרט אפילו די בעסט־מיינענדע דיקטאַטור, און דאָס איז — צום טויט פון דער רע־

וואָלוציאָנערער בעוועגונג. מיר וויסען אויך גאַנץ גוט, אַז דיזע אידעע פון דיקטאַטור איז שטענדיג ניט מעהר ווי אַ קראַנ־קער פּראָדוקט פון רעגיערונגס אבערגלויבען, וועלכער האָט, ווי די רעליגיעזע זעלבסט הערשעריי, שטענדיג געדיענט פּאַרטצו־זעצען שקלאַפעריי.

אבער מיר רעדען יעצט ניט צו אַנאַרכיסטען. מיר רעדען צו יענע רעגיערונגס רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען פּאַרפּירט געוואָרען דורך זייער אבערגלויבערישער ערציהונג, אבער וועל־כע זוכען עהרליך צו דיסקוטירען דיזע פראַגע. מיר וועלען דארום רעדען צו זיי פון זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט.

---

מיר וועלען אנפאַנגען מיט איין אַלגעמיינער בעטראַכטונג. יענע, וועלכע פּרעדיגען דיקטאַטור, בעגרייפען איבערהויפּט ניט, אַז שטיצענדיג דיזען אַבערגלויבען, גרייטען זיי בלויז צו אַ וועג פאַר יענע, וועלכע וועלען שפּעטער זיי אבשניידען די העלזער. עס איז דאָ איין וואָרט פון ראָבעספּיער, וועלכעס זיינע אַנהיינ־גער וואָלט ניט געשאַדט צו געדיינקען. ער איז אין פּרינציפּ ניט געוועזן געגען דיקטאַטור, אבער „גיב גוט אַכטונג אויף דעם“ האָט ער געזאָגט צו מאַנדאַר, ווען ער האָט צו איהם גערעדט וועגען דעם. „בריסאָט וואָלט זיין דער דיקטאַטאָר!“ יע בריסאָט דער כיטרער זשיראָנדיסט, דער טויט פיינד פון די פרייע טענדענצען פון פאָלק. דער שטאַרקער פערטהיי־דיגער פון אייגעטום (כאָטש ער האָט עס גערופען גנבה), ברי־סאָט, וועלכער וואָלט קאַלט־בלוטיג אַוועקגעשיקט אין דער גע־

פּענגניס הערבערטען, מאַראַטען, און אַלע מילדע יאַקאָבינער.

נון, דאָס איז געזאָגט געוואָרען אין 1792! צו יענער צייט איז שוין פראַנקרייך געווען דריי יאָהר צייט אין דער רעוואָלוציאָן! אין דער ווירקליכקייט האָט קיין קעניגטום ניט עקזיסטירט: עס האָט בלויז געוואָרט אויף דעם טויט־קלאַפּ. דער פּעאָדאַלער רעזשים איז שוין געווען פּאַקטיש פערניכטעט, און דאָך אפילו צו יענער צייט, ווען די רעוואָלוציאָן האָט ווייט און ברייט פּאַנאַנדער־געגאָסען איהרע כוואַליעס, איז עס נאָך אַלץ געווען דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנער בריסאָט, וואָס האָט געהאָט די בעסטע געלעגענהייט צו ווערען דיקטאַטאָר! און ווער וואָלט עס געווען אין 1789? מירבאָו איז דער יעניגער, וועלכע וואָלט געקרוינט געוואָרען אַלס דער הויפּט פון דער רעגיערונג! דער מאָן וועלכער האָט געזוכט צו פערקויפען צו דעם קעניג זיין „גלאַטען צונג“, — דאָס איז דער מאַן, וועלכער וואָלט געקראָגען די מאַכט צו יענער צייט. ווען דאָס צובונטעוועטע פאָלק וואָלט ניט אַרויפּגעצוואונגען זיין איבערהערשאַפט דורך באַיאָנעטען, און אויב עס וואָלט נאָך פון פריהער ניט געמאַכט געוואָרען יעדע ערקלעהרטע רעגיערונג אַלס איבעריג און מאַכטלאָז.

אבער רעגיערונגס אבערגלויבען פערבלענדען אַזוי פיעל יענע, וואָס ריידען פון דיקטאַטור, דאָס זיי נעהמען זאָגאַר אָן די דיקטאַטור פון אַ בריסאָט אָדער אַ נאַפּאָלעאָן אום נאָכצופּאָלגען זייער אידעע פון געבען אַ נייעם הערשער צו מענשען, וועלכע ברעכען די קייטען פון זייער שקלאַפעריי!

---

די געהיימע געזעלשאַפטען פון דער צייט פון דער ווידער־אויפשטייגונג פון לואיס פיליפ האָבען פיעל בייגעטראָגען צו דער פערשפרייטונג פון דיזען אַבערגלויבען פון דיקטאַטור. די מיטעל־קלאַס רעפובליקאַנער פון יענער צייט, ארויסגעהאָלפען פון די אַרבייטער, האָבען געמאַכט אַ לאַנגע סעריע פון קאָנס־פיראַציעס מיט דער אַבזיכט אַראָבצו־וואַרפען דעם קעניג און פראָקלאַמירען אַ רעפובליק. ניט פערשטעהענדיג דעם גרינד־ליכען אומבייט וואָס וואָלט געדאַרפט פאָרקומען אין פראַנק־רייך איידער אפילו אַ רעפובליקאַנישער רעזשים וואָלט גע־קאָנט עטאַבלירט ווערען, האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט, אַז דורך אַ בלויזער קאָנספיראַציע וועלען זיי אַמאָל אַראָבוואַרפען דאָס קעניגטום, פערנעהמען די מאַכט און פּראָקלאַמירען אַ רעפוב־ליק. פאַר מעהר ווי 30 יאָהר האָבען דיזע געהיימע געזעלשאַפ־טען ניט אויפגעהערט צו אַרבייטען מיט אַן אונבעגרענצטער איבערגעבענהייט, און העלדישען מוטה. אויב אַ רעפובליק איז עטאַבלירט געוואָרען פון דער רעוואָלוציאָן פון 1848, איז עס געווען פיעל צו פערדאַנקען צו יענע געזעלשאַפטען, און אַ דאַנק דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, וואָס זיי האָבען אָנגעפיהרט פאַר 30 יאָהר. אָהן זייערע נאָבעלע אויפטואונגען וואָלט נאָך ביז יעצט אַ רעפובליק דאָרט געווען אונמעגליך.

---

דער ציעל, וואָס זיי האָבען געהאַט אין זינען, איז געווען אַליין אַריינצוקריגען די מאַכט און איינצושטעלען אַ רעפוב־ליקאַנישע דיקטאַטור. אָבער זיי האָבען, נאַטירליך, עס קיינ־

מאָל ניט אויסגעפיהרט. ווי עס איז העכסט נאַטירליך, האָט מען מיט אַ קאָנספּיראַציע ניט געקאָנט אומוואָרפען דאָס קעניג־טום. די קאָנספּיראַטאָרס האָבען פּיליכט צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער אומוואַרפונג. זיי האָבען ווייט פערשפּרייט די רעפּובליקאַנישע אידעע; זייערע מאַרטירער האָבען עס געמאַכט פאַר אַ פאָלקס אידעאַל. אָבער דער לעצטער קאַמף, וואָס האָט אינגאַנצען אומגעוואָרפען דעם קעניג פון דער בורזשואַזיע, איז געווען גרעסער און שטאַרקער ווי אַ וועלכע עס איז, וואָס וואָלט געקאָנט קומען פון אַ געהיימער געזעלשאַפט. עס איז געקומען פון די מאַסען פון פאָלק.

דער רעזולטאַט איז בעוואוסט. די פּאַרטיי, וואָס האָט צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער אומוואַרפונג פון קעניגטום, האָט זיך געפּונען פערוואָרפען אָן אַ זייט פון די טרעפּ פון רעגיערונגס הויז. אַנדערע, וועלכע זיינען געווען צו פאָרזיכטיג צו אונטערנעהמען די ריזיקאַלישע קאָנספּיראַציעס, נאָר וואָס זיינען געווען מעהר בעוואוסט און מילדער און וועלכע זיינען געלעגען שטיל און געוואַרט אויף דער געלעגענהייט צו פערכאַפּען די מאַכט, האָבען פערנומען דעם פּלאַץ, וואָס עס האָבען געהאָפט צו פערנעהמען, מיט דער הילפע פון באַיאָנעטען, די קאָנספּיראַטאָרס. זשורנאַליסטען, אַדוואָקאַטען, גוטע רעדנער, וועלכע האָבען געאַרבייט שווער זיך צו שאַפען אַ נאָמען, האָבען פערנומען די מאַכט, ווערענד די אמת'ע רעפּובליקאַנער זיינען פערשפּאַרט געוואָרען אין די געפענגניסע. פיעלע פון די גוט־בעקאַנטע זיינען אַנערקענט געוואָרען פון פאָלק, אַנדערע, וועלכע האָבען זיך געשטופּט אין די פאָדערשטע רייהען,

זיינען אַנערקענט געוואָרען, ווייל זייערע נעמען האָבען גאָר־
נישט רעפּרעזענטירט אויסער אַ מילדע איינשטימענדע פּראָגראַם.

עס איז נוצלאָז צו דערצעהלען אונז אַז דאָס האָט פּאַ־
סירט דערפאַר ווייל דער אַקטיווער פּאַרטיי האָט געפעלט
פּראַקטיק. און אַז אַנדערע וועלען עס בעסער מאַכען אין דער
צוקונפט.

ניין, טויזענד מאָל ניין! דאָס איז אַ געזעץ, וואָס איז
אַזוי אונפערמיידליך, ווי דער געזעץ פון די בעוועגונגען פון די
שטערען. דאָס די ערנסטערע, אַקטיווסטע פּאַרטיי מוז אַוועק־
געוואָרפען ווערען אָן אַ זייט און די גלאַטע זינגער און אינטרי־
גאַנטען פערנעהמען די מאַכט. די לעצטע זיינען שטענדיג
מעהר בעקאַנט צום פאָלק, צו די גרויסע מאַסען דורך ווערענס
צושטימונג זיי פערנעהמען די מאַכט. זיי קריגען מעהר שטי־
מען, ווייל מיט אָדער אָהן שטים־צעטלעך, דורך בעשטימונג
אָדער ערוועהלונג, שטענדיג קומט פאָר אַזאַ מין וואַהל אָדער
איינשטימונג אין אַזאַ פאַל. זיי ווערען בעשטימט און גע־
שטיצט פון כמעט יעדען איינעם און הויפּטזעכליך פון די
שונאים פון דער רעוואָלוציאָן, וועמען עס לוינט זיך צו שטע־
לען אין פאָדערגרונד גאָרנישטעז, און דורך אַזאַ בעשטימונג
ווערען אָנגענומען אַלס הערשער אַזעלכע מענשען, וועלכע זיי־
נען ענטוועדער ווירקליכע שונאים פון דער רעוואָלוציאָן, אָדער
וועמען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג געהט איבערהויפּט זייער
ווייניג אָן.

דער מענש, וועלכער איז מעהר ווי ווער עס איז אַנדערש
געוועזן ענטציקט פאַר אַזאַ סיסטעם, דער מענש, וועלכער האָט

זיין לעבען פערבראַכט אין געפענגניס פאַר זיין איבערגעבענ־
הייט צו דיזער סיסטעם, האָט פאַר זיין טויט ארויסגעזאָגט
פאָלגענדע ווערטער, וועלכע זיינען פאַר זיך אַליין א גאַנצע
פּראָגראַם: „ק י י ן גאָט און ק י י ן הערשער!“

---

## קאַפּיטעל 3.

---

צו פאָרשטעלען זיך, אַז אַ רעגיערונג קאָן אַראָבגעוואָרפען
ווערען פון אַ געהיימער געזעלשאַפט, און אַז יענע געהיימע
געזעלשאַפט זאָל פערנעהמען איהר פּלאַץ, איז אַ טעות אין
וועלכען עס זיינען אַריינגעפאַלען אַלע רעוואָלוציאָנערע אָר־
גאַניזאַציאָנען פון רעפּובליקאַנישען מיטעל־קלאַס, וואָס זיי־
נען אויסגעוואַקסען אין 1820. עס זיינען דאָ איבערגעגנוג פאַק־
טען וואָס צייגען וואָס פאַר אַ פעהלער עס איז:

וויפיעל איבערגעבענהייט, וואָס פאַר אַ זעלבסט־אָבלייק־
נונג און אויסדויער קראַפט האָבען בעזעסען די רעפּובליקאַנער
געהיימע געזעלשאַפטען פון דער יונגער איטאַליענישער פּאַר־
טיי. און דאָך האָט דיזע אונגעהויערע אַרבייט און אַלע זייי־
ערע אויפאָפּפערונגען, פאַר וועלכע אפילו די טהאַטען פון דער
רוסישער רעוואָלוציאָנערער יוגענד קוקט אויס בלאַס, אַלע קער־
פּערס, וואָס זיינען פערפוילט געוואָרען אין די געפענגניסע און
וואָס זיינען געטויטעט געוואָרען פון דער רעגיערונג, — אַלעס

דאָס האָט בלויז געבראַכט צו מאַכט די רויבערישע מיטעל־קלאַס און דאָס קעניגטום!

דאָס זעלבע איז געוועזן אין רוסלאַנד. עס איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע אַ געהיימע געזעלשאַפט, וועלכע האָט דורכגעפיהרט מיט גאַנץ בעשריינקטע מיטלען אַזוי פיעל אונגעהויערע אַרבייט ווי די פון דער רוסישער יוגענד, אָדער וועלכע זאָל האָבען געצייגט אַזאַ ענערגיע און אַזאַ מעכטיגע אַקטיוויטעט ווי זייער צענטראַלער קאָמיטעט. עס האָט אויפ־געטרייסעלט די שיינבאַר אונבעקעמפּבאַרע זיילען פון׳ם צאַ־ריזם און האָט געמאַכט אונמעגליך די עקזיסטענץ פון אַן אויטאָ־קראַטישער רעגיערונג אין רוסלאַנד. און דאָך קאָנען זיך בלויז נאַרען פאַרשטעלען, אַז דיזע געהיימע געזעלשאַפטען וועלען קרי־גען די מאַכט, ווען דער צאַריזם וועט אומגעוואָרפען ווערען.*)

אַנדרע מענשען, די „קלוגע“, וואָס האָבען געשטרעבט זיך

---

*) דיזער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען לאַנג פאר דער רוסישער רעוואָלוציאָן. און טראָץ דעם, וואס די פאסירונגען אין רוסלאנד צייגען ד ע ר ו ו י ל, אַז דיזער לעצטער ארגומענט פון פ. קראפּאָטקין איז ניט אויסגעהאלטען, ווייל אָט האָבען דאָך די באָלשעוויקעס געקראָגען די מאַכט, איז דאָך דיזער אַרטיקעל אזוי ציטיג און וויכטיג, ווי ער איז עס געוועזן דאן, ווען ער איז גע־שריבען געוואָרען, ווייל די פראַגע פון רעגיערונג אין רוסלאנד איז נאָך אַלץ ניט געלייזט, און קאָן ניט געלייזט ווערען אנדערש ווי קראָפּאָטקין ערקלעהרט. — רעדאַקציאָן).

צו מאַכען אַ נאָמען, די אינטריגאַנטען, די גלאַטע צינגער, די אַדוואָקאַטען, די זשורנאַליסטען, וועלכע לאָזען פון צייט צו צייט ארויס אַ פּאָר טרעהרען (וועלכע ווערען שנעל פערטריקענט) אויף די קברים פון די געפאַלענע העלדען, ד י ז ע און ניט יענע, וועלכע האָבען לעבענס־לאַנג געשמאַכטעט אין סיביר, אין די קאַטאָרגעס און געפענגניסע, וועלען קומען פערנעהמען דעם פּלאַץ, וואָס וועט בלייבען לעדיג, די רעגיערונגס־מאַכט, און וועלען אייך אויפפאָדערען צו שטעהן הינטער יענע, „אונ־בעוואוסטע פערזאָנען", וועלכע האָבען צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער רעוואָלוציאָן.

---

עס איז אונפערמיידליך, עס קאָן אַנדערש ניט זיין. ווייל ניט געהיימע געזעלשאַפטען, און ניט אפילו רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען קאָנען געבען דעם לעצטען פעניכטענדען קלאַפּ צו רעגיערונגען. זייער אַרבייט, זייער היסטאָרישע אויפגאַבע איז צו צוגרייטען די מענשליכע מחות פאַר דער רעוואָלוציאָן. און דאַן, ווען די מענשליכע מחות זיינען שוין צוגעגרייט און די אומשטענדען זיינען גינסטיג, ווערט געמאַכט די לעצטע אַטאַקע, ניט פון דער גרופּע מענשען, וואָס זיינען געווען די איניציאַטאָרס פון דער בעוועגונג, נאָר פון די גרויסע מאַסען פון פאָלק, וואָס שטעהען אויסערהאַלב דיזער בעוועגונג.

דעם 31טען אויגוסט איז פּאַריז געווען טויב צו די אויפ־רופע פון בלאַנקי! פיער טעג שפּעטער האָט ער פּראָקלאַמירט דעם פאַל פון דער רעגיערונג, אָבער דאַן זיינען שוין די בלאַנ־

קיסטען ניט געווען די איניציאַטאָרס פון דער בעוועגונג; עס איז געווען דאָס פאָלק, די מיליאָנען מענשען, וואָס האָבען פון זיך אַראָבגעוואָרפען דעם קעניג און האָבען פּראָקלאַמירט די שווינדלער, ווענענס נעמען עס האָבען פאַר צוויי יאָהר גע־קלונגען אין זייערע אויערען.

ווען אַ רעוואָלוציאָן איז פאַרטיג אויסצוברעכען, ווען די בעוועגונג פיהלט זיך שוין אין דער לופטען, ווען דער ערפאָלג איז שוין זיכער, דאַן קומען טויזענדע נייע מענשען אויף ווע־מען די בעוועגונג האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין דירעקטען איינפלוס און שליסען זיך אָן אָן דער בעוועגונג. אַזוי ווי רויב־פויגלען קומען זיי אויפ'ן שלאַכט־פעלד צו שפּייזען זיך פון די געפאַלענע קרבנות. זיי העלפען דאָס מאַכען די לעצטע אַטאַקע און ווערען אויך די פיהרער פון דער בעוועגונג. די קאָנספּיראַטאָרס, וואָס טראָגען זיך נאָך אַרום מיט דער אי־דעע פון אַ רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור, העלפען ניט ווילענ־דיג זייערע שונאים צו קריגען די מאַכט.

אָבער אויב דאָס אַלעס איז ריכטיג אין בעצוג צו פּאָלי־טישע רעוואָלוציאָנען אָדער גלאַט בונטען, איז עס פיעל ריכ־טיגער אין בעצוג דער רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר אַלע ווינשען — די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. צו ערלויבען וועלכע עס איז רעגיערונג, ספּעציעל אַ שטאַרקע אַנערקענטע רעגיערונג, הייסט צו פּאַראַליזירען מיט איינמאָל די אַרבייט פון דער רעוואָלוציאָן. דאָס גוטע, וואָס דיזע רעגיערונג קאָן אויפטהאָן, איז גאָר ניט אין פערגלייך מיט דאָס שלעכטע וואָס זי ברייננגט מיט זיך.

ווייל וועגען וואָס רעדט זיך עס דאָ? וואָס פּערשטעהען מיר אונטער רעוואָלוציאָן? עס איז ניט בלויז אַן איינפאַכע אומבייטונג פון רעגיערונגען. דאָס איז דער איי־בערגאַנג פון אַלע געזעלשאַפטליכע אוצרות צום פאָלק, דאָס איז די פערניכטונג פון אַלע פינסטערע כחות, וואָס האָ־בען אַזוי לאַנג געשטערט דער מענשליכער ענטוויקלונג. קאָן דען דורך רעגיערונג־געשאַפענע געזעצע און בעפעלע דורכגע־פיהרט ווערען יענע גראַנדיעזע עקאָנאָמישע רעוואָלוציאָן? מיר האָבען געזעהען אין דעם פריהעריגען יאָהרהונדערט דעם בע־פעהל פון דעם פוילישען רעוואָלוציאָנערען דיקטאַטאָר קאָס־ציושקאָ, עס זאָל אָבגעשאַפט ווערען לייב־אייגענטום, און דאָך האָט לייב־אייגענטום אָנגעהאַלטען 80 יאָהר נאָך דעם בעפעהל. מיר האָבען געזעהן די גרינדונגס־פערזאַמלונג אין פּאַריז, די אַלמעכטיגע פערזאַמלונג, די שרעקליכע פערזאַמלונג, ווי פיעלע רופען עס, בעשטימענדיג אַוועקצונעהמען דאָס לאַנד פון די לאַנד באַראָנען און צו צוטיילען עס אויך גלייכע חלקים פאַר אַלעמען. ווי פיעלע אַנדערע, איז דיזער בעשלוס געבליבען אַ טויטער בוכשטאַב, ווייל אום דאָס דורכצופיהרען איז געווען נויטיג, אַז די פּראָלעטאַריער זאָלען מאַכען אַ גאַנץ נייע רעוואָ־לוציאָן, און רעוואָלוציאָנען ווערען ניט געמאַכט לויט געוויסע בעשליסע. אום דאָס איבערנעהמען פון די געזעלשאַפטליכע אוצרות פאַר'ן פאָלק זאָל בלייבען אַ פאַקט, איז נויטיג, אַז די מענשען פון פאָלק זאָלען האָבען פרייע הענד, אַז זיי זעלבסט זאָלען פון זיך אַראָבטרייסלען די שקלאַפעריי צו וועלכע זיי זייי־נען געווען צוגעבונדען, אַז זיי זאָלען האַנדלען לויט זייערע

אייגענע פערלאַנגען און ניט וואַרטען אויף אימעצענס בעפעהלע און דוקא דאָס איז, וואָס אַ דיקטאַטור וואָלט זוכען צו פערמיידען, ווי ערנסט און עהרליך זי זאָל ניט זיין, וועהרענד זי וואָלט געוועזן אונפעהיג צו מאַכען די קלענסטע פאָרטשריטע פאַר דער רעוואָלוציאָן.

אָבער אויב אַ רעגיערונג, זאָל עס אַפילו זיין אַן אידעאַלע רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג, שאַפט ניט קיין נייע מאַכט און איז פון קיינע נוצען פאַר דער פערניכטונגס־אַרבייט, וועלכע מיר דאַרפען דורכפיהרען, קאָנען מיר זיך נאָך ווענינער פערלאָזען אויף איהר אין דער אויפבויאונגס־אַרבייט, וואָס מוז קומען נאָך דער פערניכטונג. די עקאָנאָמישע אומענדערונג, וואָס וועט קומען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, איז אַזוי טיעף, אַזוי אונגעהייער, אַז עס איז אונמעגליך פאַר איינעם אָדער עטליכע פערזאָנען אויסצואַרבייטען די פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע פאָרמען, וועלכע וועלען נויטיג זיין פאַר דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט. דיזע אויסאַרבייטונג פון די נייע געזעלשאַפטליכע פאָרמען קענען געמאַכט ווערען בלויז דורך דער פעראייניגטער אַרבייט פון די מאַסען, צופריעדענצושטעלען די פערשיעדענע מאַסען בעדירפניסע, וועלכע וועלען ארויסשפרינגען אַזוי שנעל ווי פריוואַט אייגענטום וועט אָבגעשאַפט ווערען, איז נויטיג צו האָבען די פעראייניגטע אַרבייט און דאָס דענקען פון אַלע מענשען. יעדע אויטאָריטעט וועט בלויז זיין אַ שטערונג, בלויז אַ הינדערניס צו דער גרויסער אַרבייט, וואָס דאַרף דורכגעפיהרט ווערען, און אויסער דעם וועט עס זיין אַ קוואַל פון אונאייניגקייט און האַס.

אָבער עס איז שוין צייט אויפצוגעבען דיזע גערנקען פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג, וואָס האָט זיך אַלעמאָל ארויס־געציינט אַלס אַ פעהלער. עס איז שוין צייט צוצוגעבען איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל דעם פּאָליטישען גרונדזאַץ, אַז א ר ע־ג י ע ר ו נ ג ק אָ ן נ י ט ז י י ן ר ע װ ו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר. מענשען ריידען פון דער גרינדונגס פערזאַמלונג, אָבער לאָמיר ניט פערגעסען, אַז די עטליכע בעשליסע פון דער פערזאַמלונג, ווי ווענינ רעוואָלוציאָנער זיי זיינען געוועזען, זיינען בלויז גע־וועזען הסכמות אויף די טהאַטען פון פאָלק, וועלכעס האָט צו יע־נער צייט געטראָטען אונטער די פיס אַלע רעגיערונגען.

וויקטאָר הוגאָ האָט געזאָגט: „דאַנטאָן האָט געשטופּט פּאָרוועדטס ראָבעספּיערען, מאַראַט האָט געהיט און געשטופּט דאַנטאָן און מאַראַט אַליין איז געשטופּט געוואָרען פון דער פערזאַניפיקאַציע פון קלובען פון ווילדע ענטהוזיאַסטען און רע־בעלען“. ווי אַלע רעגיערונגען, וואָס זיינען געוועזען פאַר און נאָך איהר, איז די גרינדונגס פערזאַמלונג בלויז געוועזען אַ שלעפּע אויף די האַנדלונגען פון פאָלק.

---

די פאַקטען, וועלכע די געשיכטע לערנט אונז, זיינען אַזוי צווייפעלהאַפט אין דיזען פאַל. די אונמעגליכקייט פון אַ רעוואָ־לוציאָנערער רעגיערונג און די שעדליכע ווירקונג פון דער, וואָס רופט זיך אַזוי, זיינען אַזוי זיכער, אַז עס וואָלט געוועזען שווער צו ערקלערען וואָרום אַ געוויסע שולע, וואָס רופט זיך סאָציאַ־ליסטישע, פערדיגט די אידעע פון אַ רעגיערונג. אָבער די ער־

קלערונג איז גאַנץ איינפאַך. עס איז דערפאַר, ווייל סאָציאַ־ליסטען טראָץ דעם וואָס זיי זאָגען, אַז זיי זיינען די נאָכפאָל־גער פון דיזער שולע, האָבען אַ גאַנץ פערשיעדענעם בעגריף ווי מיר וועגען דער רעוואָלוציאָן וואָס מיר דאַרפען פערפאָלקאָמענען. פאַר זיי, אַזוי ווי פאַר אַלע מי־טעל־קלאַס ראַדיקאַלען, איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אַ זאַך דער גאַנץ ווייטער צוקונפט, וועגען וועלכער מען דאַרף יעצט פיעל ניט דענקען. וואָס זיי שטעלען זיך פאַר אין זייערע גע־דאַנקען כאָטש זיי וואַגען ניט אַרויסצוזאָגען עס אין דער עפענטליכקייט, איז עטוואָס גאַנץ אַנדערש. זיי ווילען בלויז איינ־פיהרען אַזאַ, אָדער ענליכע, פאָרמע פון רעגיערונג ווי אין שוויי־צאַריען אָדער אין די פעראייניגטע שטאַאַטען. אָנשטריינגענ־דיג זיך אַביסעל איבערצונעהמען געוויסע געזעלשאַפטליכע אונ־טערנעהמונגען אין די הענד פונ׳ם שטאַאַט. עס איז עטוואָס לויט דער אידעע פון ביסמאַרק. דאָס איז אַ פאַראויסגעמאַכטער קאָמפּראָמיס צווישען די סאָציאַליסטישע בעגריפע און האָפנונ־גען פון די מאַסען און די פערלאַנגען פונ׳ם מיטעל־קלאַס. זיי וואָלטען פיליכט געוואונשען, אַז דער שטאַאַט זאָל גלייך אי־בערנעהמען אַלעס אין זיינע הענד, אָבער זיי האָבען ניט דעם מוטה פאַר דעם און זיי לייגען עס דאַרום אָב אויפ׳ן קומענדען יאָהרהונדערט, און נאָך איידער דער שלאַכט פאַנגט זיך אָן, פאַנגען זיי שוין אָן פערהאַנדלען מיט׳ן שונא.

פאַר אונז, וועלכע פערשטעהען, אַז די צייט איז נאָהענט צו געבען דעם לעצטען טויט־קלאַפּ דעם מיטעל־קלאַס, אַז די צייט איז ניט ווייט, ווען דאָס פאָלק וועט לייגען די הענד אויף

די געזעליטאַפטליכע אוצרות און וועט אָבשאפען דעם קלאַס פון אויסבויטער און פּאַראַזיטען, פאַר אונז, זאַג איך, קאַן ניט זיין קיין אונבעשטימקייט אין דער פראַגע. מיר וואַרפען זיך אריין מיט לייב און לעבען אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. און דאַרום איז יעדע רעגיערונג, וואָס פאַר פלענער אָדער קלוגע איינפעלע זי זאָל ניט האָבען, בלויז אַ שטערונג אין אונזער וועג. מיר ווילען אויסראַמען פון אונזער וועג אַלע אַמביציע־זע מענשען, וועלכע וועלען זיך פּרובירען אַרויפוואַרפען אויף אונז אַלס אונזערע הערשער און בעשטימער פון אונזערע שיק־זאַלען.

נידער מיט רעגיערונגען! מאַכט פּלאַץ פאַר'ן פאָלק און פאַר אנאַרכיע.



# לעזט און פערשפרייט

די איינציגע, רעוואָלוציאָנערע
אַנאַרכיסטישע צייטשריפט

# „פרייהייט"

אַ צייטונג וואָס האָט ניט מורא צו שרייבען דעם אמת, און אַרויסצוזאָגען דאָס פרייע וואָרט אונטער אַלע אומשטענדען.



צו קריגען ביי אַלע ראַדיקאַלע אונטערנעהמונגען.

# דער פרייער ארבייטער פערלאג

האט ארויסגעגעבן פאלגענדע:

1) דער קאמוניסטישער אנארכיזם

פון יאהאן מאסט.

פרייז 5 סענט

2) דער אנארכיזם

פון ענריקא מאלאטעסטא.

פרייז 7 סענט

3) די פראלעטארישע פאליטיק אין דער סאציאליס־
טישער בעוועגונג

פון ענריקא מאלאטעסטא

פרייז 8 סענט

4) דער אלף בית פון סינדיקאליזם

פון זשארזש איווטא

פרייז 10 סענט

5) די ראלע פון אנארכיזם אין דער סאציאליסטי־
שער ענטוויקלונג

פון פעטער קראפאטקין

פרייז 5 סענט

---